

משה גלאַזער
לוסטיק
לעבעדיק
פרייליך
ב. מלחי



## די זון

שיינט די זון
אַ גאַנצן טאָג
ביז זי ווערט פאַרשמאַכט,
גייט זי שלאָפן,
פונקט ווי איך,
און שלאָפט אַ גאַנצע נאַכט.

אין פרימאָרגן
שטייט זי אויף.
איז זי קלאָר און שיין,
איז זי פריילעך,
איז זי לוסטיק,
פונקט ווי איך אַליין.



## קלאָר

דער קלאָר העלער טאָג —
אַ זויבערע פּראַכט.
צויבערלעך אויך
איז דער פאַרנאַכט.

כישוף׳דיק אָבער
איז דער פרימאָרגן,
ווען אַלעס וואָס לעבט
דערוואַכט מיט די זאָרגן:

— פון נעכטן — פאַר מאָרגן —
פאַר שפּעטער, פאַר ווייט.
באַגלייט מיט די לידער
פון פאַרגאַנגענער צייט.

לוסטיק • לעבעדיק • פריילעך

# אויף אַ פערמע

אונדזער שטאָט איז אויסגעפוצט
מיט פּאַלאַצן און מיט שלעסער;
איך וואָלט אָבער וועלן וואוינען
אויף אַ פערמע בעסער.

אויף דער פערמע שפרייטן זיך
ווייט אַוועק די פעלדער,
און הויך, ביז צום הימל אַזש,
וואַקסן דאָרט די וועלדער.

די בערג און די לאַנקעס
און דער קלאָרער טייך,
ציען אַזוי ווייט זיך—
מיט די וואָלקנס גלייך.

אפילו די לבנה, די זון,
דער הימל און די שטערן,
קלאָרער, שענער, גרעסער,
אויף דער פערמע ווערן.



# אַ גלי

יעדן פרימאָרגן
מיט זוניקן גלי
גיט פון דעם וועלדל
אַ פויגל אַ פלי.

גלייך צו מיין פענצטערל
איבער מיין בעט
און גיט מיט זיין **פליגעלע**
אַ שייבעלע אַ גלעט.

מיטן קליינינקן **שנאָבעלע**
אין פענצטער אַ זאָג:
„אויפשטיי, שטיי אויף!
שוין ווייסינקער טאָג.“

ניט שיין איז צו **שלאָפן**
ווען מאָרגנדל שיינט;
פוילינקע קינדערלעך
האָט זונעלע פיינט.

און באַלד מיטן **פליגעלע**
ווידער אַ פלי.
לוסטיק און **פריילעך**
ווי זוניקער גלי.

משה גלאַזנער.

# אַ קאָנצערט

ווען דער האָן צעקרייט זיך
אין בלוילעכע פאַרטאָגן,
ווייסן אַלע אויף דער פערמע,
אַז עס נעמט שוין טאָגן.

צעזינגען באַלד די פייגל זיך
אין וועלדל אויף די צווייגן,
די הינער און די הינדעלעך
צעפּישטשען אין די שטייגן.



די קאַטשקעס און די קאַטשקעלעך
צעקוואַקען זיך, קאַ-קוואַ;
די גענדז און די גענדזעלעך
צעגאָגערן, גראַ-גראַ.

די קיעלעך און די קעלבעלעך
צעמרוקען זיך, מרו-מרו;
די פערדעלעך און לאָשעקלעך
צעהירזשען זיך, זשור-זשו.

די שעפּעלעך און לעמעלעך
צעמעקען זיך מע-מע;
די ציגן און די ציגעלעך
צעבעקען זיך בע-בע.

די קעץ און די קעצעלעך
צעמיאַוקען זיך מיאַ-מיאַו;
די הינט און די הינטעלעך
צעהאַווקען זיך האַ-וו-האַו!

צעטראָגן אַט-די קולות זיך
איבער וואַלד און פעלד,
איז אַ קאָנצערט אַ שענערער
ניטאָ גאָר אויף דער וועלט.

לוסטיק • לעבעדיק • פריילעך

# זשאַבעס

איך האָב געמיינט
אַז זשאַבעס קענען
קריכן בלויז און שפרינגען,
איצטער האָב איך
אויסגעפונען
אַז זיי קענען אויך זינגען.

אין „אונדזער קעמפ"
און „קינדער-וועלט",
ווען עס קומט פאַרנאַכט
און דער באַרג און טאָל
און טייך
ליגן שטאַרק פאַרטראַכט.



צעזינגען דאַן
די זשאַבעס זיך
אויף אַזאַ מין קול,
וואָס אין שטאָט
אַזאַ זינגען
הערט מען ניט קיינמאָל.

# פייער־פליגן

האָב שטענדיק זיך געוואונדערט
און צו זיך געטראַכט:
„ווער צינדט אָן די אַלע שטערן
ווען עס קומט פאַרנאַכט?"

איצט ווייס איך דאָס שוין גוט,
איך קען דאָס מיר דערקלערן:
דאָס מוזן זיין פייער-פליגן,
„פייער-פליגן", ניט קיין שטערן.

ווייל איך האָב אַליין געזען
אין „אונדזער קעמפ" ביינאַכט
ווי עס האָבן פייער-פליגן
געצונדן זיך די גאַנצע נאַכט.

משה גלאזנער.

## פוכעלעך

קינדערלעך, טיוטקעלעך,
גיך צו די שויבן.
פוכעלעך פליען
ווי פון ווייסינקע טויבן...

ווי פון טייבעלעך קליינינקע,
אַ לויטערער פוך
וועבט זיך אין לופטן
אַ שנייאיקער טוך.

אַ צודעק אַ ווייסער
פאַר מאַמעלע ערד;
און פאַר בוימעלעך נאַקעטע —
זילבערנע בערד.



איילט-זשע זיך קינדערלעך
גיך צו די שויבן,
אָט צעגייען די פוכעלעך
פון די ווייסינקע טויבן...

## פליטערלעך

פליטער, פלאַטער—
איינס און צוויי,
פאַלט פון הימל
ווייסער שניי.

אַ פלי, אַ פאַל,
אַ פאַל, אַ לייג
און עס ווערט
אַ ווייסער וועג.

ווייס דער וואַלד,
ווייס דאָס פעלד—
הילט זיך איין
אין ווייס די וועלט.

—ווען עס פלאַטערט
איינס און צוויי
פון דעם הימל
ווייסער שניי.

## שנייעלעך

שנייעלעך, פליטערלעך,
פלאַטערן אום;
יינגעלעך, מיידעלעך
שפרינגען אַרום.

אייגעלעך, בעקעלעך
גלאַנצן פון פרייד,
הענטעלעך, פינגערלעך
לוסטיק צעשפרייט.

זיי כאַפן און לאַפן
און פלאַטערן אום,
פונקט ווי די שנייעלעך
טאַנצן אַרום.

# ווינטער

וואַרפט דער הימל פליטערלעך,
ווייסע, קליינע ציטערלעך.
צעקראַקעט זיך אַ קראָ:
ווינטער, ווינטער איז שוין דאָ.

פאַרציטערט ווערן שטאָט און דאָרף,
און גיבן זיך פון קעלט אַ וואָרף...
לאָזן קוימענס אין דער הויך
פאַר כּעס אַרויס געדיכטן רויך...

ווערט דער הימל שוואַרץ אַזוי,
אַז יעדן ווערט אין די אויגן גרוי...
און די ווינטן, ווילדע רוחות,
פלייצן, וויען זאַווערוכעס.

קראַקעט שמחה׳דיק די קראָ:
ווינטער,
ווינטער
איז שוין דאָ.







# זומער

חלומען דריי קינדערלעך
אום ווינטער און קלערן:
זיי וואָלטן שוין וועלן,
אַז זומער זאָל ווערן.

זומער איז וואַרעם
לוסטיק און פריי;
אַלעס אין דרויסן
איז גרין אַזוי ניי.

מען פאָרט אויף די בערג
צון אַ קעמפּ, צון אַ טייך.
דער ווינטער איז אָרעם,
אָבער דער זומער איז רייך.

• משה גלאַזער



# קאַפּעליע

משה גלאַזער

איך הייס עליע,
פיר איך די קאַפּעליע —
שפּילט מיין חבר אידל
ביי מיר די ערשטע פידל.

און שלמהלע לויתן
איז דער קלוגער חתן;
מאַמצעלע האָצעדראַלע
איז די שיינע כלה.

פרויקעלע פּאָנפּאַטש
בלאָזט אין טרובאַטש.
בנימטשיק דער צעדרייטער
שאַלט אין טרומייטער.

בערעלע דער טייפל
פייפט אויפן פייפל;
יאַנקעלע שטאַפּעט
טורקעט אין קלאַרנעט.

יאָסל ניין-מאָס-רייד
פּיוקעט אין דער פלייט;
יונה בלינדע-צויג
פּייקלט אין דער פּויק.




שפּילן מיר אַ מזמור
ווי די גרויסע קלעזמער
און פירן איבער דער גאַס
די חתונה אויף שפּאַס...

# אַ פּידל

שניץ איך מיר אַ ברעטל —
שניץ, שניץ שניץ!
איך מאַך דאָס אונטן ברייטער
און אויבן מיט אַ שפּיץ.

גאַלאָפּט פאַרביי אַ פערדל —
לאָפּ, לאָפּ לאָפּ!
גיב איך פון זיין וויידל
אַ זשמעניע האָר אַ כאַפּ.

די האָר זיינען סטרונעס —
סטרון, סטרון, סטרון!
צי איך פון די לענגסטע
אויף מיין ברעטל אָן.

איך מאַך מיר אויך אַ סמיטשיק —
סמיטש, סמיטש, סמיץ!
פון אַ שטיקל רייף
מיט אַ בענדל ציץ.



האָב איך שוין אַ פידל —
פידל, פידל, פידל!
שפּיל איך מיר אַ ניגון
און זינג מיר צו אַ לידל.

# אַ פּויק

כ'האָב אָפּגעזוכט אַ פּושקע,
אַ בלעכענע פון שמאַלץ;
אַ שטעקעלע מיט אַ גאַלקע
אויסגעטאָקט פון האָלץ.

אַ רימען — אַ רצועה
האָב איך פון קלויז געקריגן;
צוויי טעצעלעך פון מעש
ביי מיין באָבען אויסגעליהען...

מיט אַ האַמער און אַ טשוועקל
גענומען מייסטרעווען און מאַכן
ביז עס איז אַ „פּויק"
געוואָרן פון די זאַכן.

פּויק איך אין דער פּויק
זייער, זייער שטאַרק,
אַז מ'זאָל מיך הערן
פון קלויסטער ביזן מאַרק.

משה גלאזנער •

## טרובאַטש און טרומייט

פון צוויי אַלטע ליקעס,
צעבויגענע און צעדרייט,
האָב איך געמאַכט אַ טרובאַטש
און אויך אַ טרומייט.

בלאָז איך אויס פון טרובאַטש —
פּרוטו, פּרוטו פּרו!
און פון מיין טרומייט —
טרו-רו, טרורו, טרו!

דערהערט מען נאָר די טענער,
לויפט מען זיך צונויף;
כאַפּן אַלע אַ טענצל
איבערן גאַנצן הויף.



## קלאַרנעט, פייפל און פלייט

איך האָבביים טייך געפונען
אַ שטעקן אָטשערעט,
האָב איך פון אַ האַלבן
געמאַכט זיך אַ קלאַרנעט.

און פון צווייטן האַלבן —
אַ פייפל און אַ פלייט.
פייף איך אויס ניגונים
אַזש ביז טאַנצן גרייט.

## אַ האַרף

איך האָב שוין אַלע כּלים,
וואָס אַ קאַפּעליע דאַרף,
פעלט מיר אפשר בלויז
נאָך מאַכן זיך אַ האַרף.



# סטאָלעריי

קלאַפּ איך מיטן האַמער
און זעג מיט דער זעג;
שפּיל איך זיך אין קאַמער—
דאָרטן גאַנצע טעג.

איך לערן זיך מלאכה,
טאַקע סטאָלעריי:
„מלאכה איז מזל ברכה"—
אַרבעט איך פאַר דריי.

פריער נעם איך זאַכן,
צוברעך זיי מיר אין שטיקלעך,
נאָכדעם נעם איך מאַכן
גאָר אַנדערע אַנטיקלעך.





פון פּאָליצעס מאַך איך שאַפעס,
פון קעסטעלעך— שופלאָדן,
פון בענקלעך מאַך איך סאָפעס,
פון לאָקשן-ברעטלעך— לאָדן.

פון אַ טאָפּטשאַן — אַ באַנק,
פון קאָטשעלקעס — שטאַכעטן,
פון אַ קאַסטן מאַך איך אַ שראַנק
און פון מולטערס — בעטן.

איז ווען מ׳זאָל ניט שיקן
מיך אַלע טאָג אין חדר,
וואָלט איך געקאָנט אַנטיקן
מאַכן זיך כסדר.

# שניידעריי

קריג איך נאָר מײַן מאַמעס שערל,
שער איך און איך שער.
שניידעריי איז אַ מלאכה,
וואָס קומט מיר אָן ניט שווער.

איך זוך אויס אַ שטיקל קאָרט,
אָדער אַ געוואַנט,
צעשפּרייט די סחורה אויפֿטן טיש
און גלעט זי אויס מיט דער האַנט.





מיט אַ קריידל צייכן איך,
צייכן, צייכן-אויס,
נאכער נעם איך מיטן שערל
און איך שער אַרויס:

שטיקלעך קליינע, שטיקלעך גרויסע,
שטיקלעך אַלערליי;
זעץ זיך צו בײַ דער מאַשין
און איך גיב אַ ניי...

ניי איך גלייך, ניי איך קרום,
ניי איך ווי איך וויל.
איך מוז דאָס אָבער אַלעס מאַכן
זייער, זייער שטיל.

וואָלט די מאַמע מיך געלאָזט
מיטן שערל שערן,
וואָלט איך אַ גאַנצער שניידער
טאַקע געקאַנט ווערן.

# שוסטעריי

פון אַן אַלטן קליידער-בערשטל
צופּ איך אויס צוויי שטייפע האָר.
דריי זיי איין אין אַ גראָבן פאָדעם,
האָב איך דראַטווועס שוין אַ פּאָר.

אַ טשוואָק אָן שטיין נעם איך רייבן
ביז ער ווערט דין און שמאָל.
איך פאַרשלייף אים רונדיק-שפּיציק,
האָב איך אויך שוין אַן אָל.

פון שוועבעלעך אָפּגעצונדענע
ברעך איך אָן קליינע שטעקעלעך.
איך פאַרשניץ זיי און פאַרשפּיץ זיי
האָב איך שוין שטיפטלעך-פלעקעלעך.

מיט די שטיפטעלעך און געצייג
מאָסטע איך איין זיך אין דער קיך.
שלעפּ צענויף אַלטע שקראַבעס
און איך נעם פאַרריכטן שיך.

לייג איך לאַטעס,
קלאַפּ פּאָדמיאָטקעס,
טאַקע ווי אַ שוסטער טוט'ס.

הייבט מיין מאַמע אָן צו שרייען: —
„פאַרנעם זיך מיט דיין שמוץ!"



ווען די מאַמע וואָלט ניט שרייען
וואָלט גוט געווען צו שוסטערייען...

# שמיד

קלאַפּ, קלאַפּ,
קלאַפּ קלעפּ,

און איך ווער ניט מיד,
מיטן האַמער אינעם אייזן,
איך וויל זיין אַ שמיד.



שמיד, שמיד,
שמיד שטאָל,

אויף מיין מאַמעס פּרעסל,
דאָס איז מיין קאָוואַדלע,
פאַרריכט איך מיר אַ שלעסל.



שמיד, שמיד,
שמיד שטאָל,

בויג איך און איך קאָווע,
פון אַ שטיקל דראָט
מאַך איך אַ פאָדקאָווע.





קלאַפּ, קלאַפּ,
קלאַפּ קלעפּ,

און זינג דערביי אַ ליד:
„ווען מע וואָלט מיך לאָזן,
וואָלט איך וועלטן אויסגעשמידט."



# דאָס העזעלע

האָז, העזעלע, האָז.
מיט דער קאַרנאָסע נאָז:
מיט די קאסאָקע פיס
האָט זיך געהאַלטן פאַר א ריז.

עס האָט איינמאָל זיך געטראָפן,
ווען ער איז אין וואַלד אַרומגעלאָפן,
איז אים אָנגעקומען אַ וואָלף אַנטקעגן
און זיך אָפגעשטעלט אים פרעגן:

צי האָט ער אפשר אויף זיין וועג געזען
יונגע שעפעלעך שפּאַצירן גייען ?
ווייל ס׳קלעמט אים שטארק דאָס האַרץ
אַז ס׳איז איבּ אַזש אין די אייגן שוואַרץ...

דאָס העזעלע האָט ארויסגעשטעקט
דעם צונג.
אויף די הינטערשטע פיסעלעך געגעבן
אַ ווייטן שפרונג
און גענומען אויף גיך זיך אָפּצוטראָגן.
אַז דער וואָלף האָט בשום אופן
אים ניט געקענט דעריאָגן...



איז העזעלע-האָז,
מיט דער קאַרנאָסער נאָז,
מיט די קאסאָקע פיס,
דען ניט קיין גרויסער ריז ?

משה גלאַזנער •

# אַ גוטע נאַכט

קינד, מיין קינד, רואיק ליג
אין דיין שיינער, קלאָרער וויג.
דער ווייסער טאָג איז שוין אַוועק,
שליס די אויגלעך, זיך ניט שרעק.
די לאָדן זיינען צוגעמאַכט.

אַ גוטע,
גוטע,
גוטע
נאַכט!

יאָ, מיין טייער קינד, איך ווייס,
עס באַשלאָגט אַ קאַלטער שווייס
פון דעם שטורעם, פון דעם ווינט,
וואָס אין דרויסן בלאָזט אַצינד.
אָבער קינד מיינס, ניט טראַכט.

אַ גוטע,
גוטע,
גוטע
נאַכט!

ניטאָ מיין קינד זיך וואָס צו זאָרגן,
קומען וועט אַ גוטער מאָרגן.
דער ווילדער שטורעם וועט פאַראיבער,
שיינען וועט די זון אונדז ווידער,
מיט אַ זויבער, מיט אַ פראַכט.

אַ גוטע,
גוטע,
גוטע
נאַכט!



אַ גוט שבת! — אַ גוט יום־טוב!

891

# משהלעך און שלמהלעך

(נאָך ח"נ ביאַליק'ס טויט)

אַלע מאַמעס וויינען היינט,
אַלע טאַטעס קלאָגן;
משהלעך און שלמהלעך
קאַפּיטלעך תהילים זאָגן.

אַלע וואָלקנס טריפן היינט,
אַלע הימלען קלאָגן;
משהלעך און שלמהלעך
שוואַרצע קליידער טראָגן.

אַלע ימים ברומען היינט,
אַלע ווינטן קלאָגן;
משהלעך און שלמהלעך
צום בית-עולם יאָגן.

אַלע וועלדער רוישן היינט,
אַלע פעלדער קלאָגן;
משהלעך און שלמהלעך
קדיש-יתום זאָגן.

(געדרוקט אין „קאַליפ. איד. שטימע", 1934)

# Lustik - Laebedik - Freilech

By MOISHE GLASER    Cover and Illustrations by B. MALCHI



• אינהאַלט:

זומער
ווינטער
שטאָט
און
קעמפּ



קינדער:
כלי־זמר
בעלי־מלאכה'ס
משהלעך
און
שלמהלעך
אַ גוטע נאַכט

## לוסטיק • לעבעדיק • פריילעך

פון משה גלאַזער

אילוסטרירט פון ב. מלחי

• ארבעה מי יודע?—פיר העפטן לידער פאַר קינדער, קינדס־קינדער און פאַר אַלע יידישע קינדערלעך. ארבעה מי יודע? כנגד פיר קינדער: פרויקע, שרהקע, בנימין און מאַמציע, און פיר צוגעקומענע קינדער: שולמית, שלום יוסף, עטעל, שייקע קאָהן.

מיין אַכטער קאָמיטעט, וואָס האָט צוגע־שטעלט דעם בודזשעט פאַר די פיר אויס־גאַבעס: „שבת, יום־טוב, חול־המועד,“ „פראַנק און פריי“, „מעשה בראשית“ און „לוסטיק ־ לעבעדיק ־ פריילעך“ און אויך רות: אחד־עשר מי יודע? אחד עשר כוכביא: פיר מיידעלעך, זיבן יינגעלעך, שיינענדיקע שטערנדלעך, פאַר—

זיידע משה און באַבע חייקע



• מיט פרייד קריצן מיר איין דאָס יאָר ה'תש"ך־1960: דאָס געבוירן פון אונדזער יונגסטן אייניקל רות *Ruth Cohen* דאָס בת־מצוה יאָר פון אונדזער עלטסטן אייניקל רבקה *Rebecca Hershberg* און די נסיעה קיין מדינת ישראל פון אונ־דזער בכור פרויקע, שנור שולמית און זייער בן־יחידל יוסף־יוסעניו.

עס וואָלט זיך מיר געוואָלט, זון, אַלע דיינע בריוו דרוקן, פון לאָנדאָן, פּאַריז, ניס, רוים און ירושלים... ציטיר איך בלויז דיין ערשטן בריוו פון תל־אביב, ישראל:

„טייערע מאַמע און טאַטעלע: מיר זיינען דאָ. אונדזער ,עקזאָדוס' האָט זיך געענ־דיקט. אייגן לאַנד, אייגענע מענטשן! דאָס ערשטע וואָס עס מערקט זיך אויפן לודער לופטפעלד, אַז יידן שרייען אויף יידן (די פּאַרטערס) אין עברית...“ פרויקע

• געדרוקט:

• שבת, יום־טוב חול־המועד

• פראַנק־און־פריי פּאַרטרעטלעך

• מעשה־בראשית

• לוסטיק, לעבעדיק, פריילעך



• גרייט צום דרוק:

• גויים זינגען

• שמות פון דער אַלטער קלויז

Published by FARLAG "MOSHE" - 1510 So. Stanley Ave. - Los Angeles 19, Calif. - PRINTED IN U.S.A.

ATLAS TYPESETTING CO.
406 So. Main St., L. A.

• מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אַדרעס •

108

Printed by
A. & G. PRESS, INC.